ל. רעזניק

# שעורע



אוקרמעלוכענאצמינדפארלאג

פאראנטוואָרטלעכער רעדאקטער—ל. מ י ש־
קאָ ו ס ק י. טעכנישער רעדאקטער —
מ. ז א ר ע צ ק י. קאָרעקטער — מ ד ו־
ב י נ ס ק י. פאפיר 104×72—1/16—50 קג.
1 דרוקבויגן. אין 1 פאפיר־בויגן 65 000
צייכנס. טיראזש 3 000 עקז. פארלאג ק־38.
9־טע רעפובליקאנישע דרוקעריי אופק־ט.
קיעוו, רויטער פלאץ 2a. באשט. 324. באַ־
פולמעכטיקטער פון הויפטליט (1037)
№ 3042. אָפגעגעבן אין זאץ 9/III־1935;
אונטערגעשריבן צום דרוק 9/VI־1935.

ס׳איז אַן עמעסע מעשׂה, טאַקע פֿון אַן עמעס מיידעלע, נאָר איר עמעסן נאָמען וויל איך ניט דערציילן, ווײַל זי קאָן נאָך אָפּ מיר ווערן באַרויגעז, און איך האָב זי ליב, וויל איך ניט, זי זאָל זײַן אָפּ מיר באַרויגעז.

דערפֿאַר וועל איך זי דאָ רופֿן מיט אַן אויסגעטראַכטן נאָמען—שעווע.

שעווע איז שוין אַלט זעקס יאָר, און זי באַרימט זיך, אַז זי איז שוין אַ גרויסע. איך טו איר צוליב און זאָג אויך, אַז זי איז אַ גרויסע. אָבער איר ווייסט דאָך מיסטאָמע, אַז אויב אַ מיידעלע איז אַלט זעקס יאָר, איז זי נאָך גאָר ניט אַזאַ גרויסע.

נאָר אַ שיינע איז זי טאַקע זייער אַ שיינע. זי האָט אַ ליבהאַרציק פּענעמל מיט אַ פּאָר גרויסע אויגן, און איבער די אויגן אַזוינע לאַנגע און געדיכטע שוואַרצע ווינטע, אַזויווי פֿאָרהענגלעך.

און דעריקער האָבן זי אַלע ליב פֿאַר איר קלוגקייט און פֿאַר איר גע־ראַטנקײַט. זי קאָן שוין לייענען, און דאַפֿקע האָט זי ליב לייענען ניט אירע ביכלעך, נאָר דעם טאַטנס. זי פֿאַרשטייט קיין איין וואָרט ניט אין דעם טאַטנס ביכלעך, נאָר זי לייענט.

שרײַבן קאָן זי אויך אַ ביסעלע. זי קאָן אָנשרײַבן איר נאָמען און דעם טאַטנס נאָמען, און דער מאַמעס, און דעם שאָכנס נאָמען קאָן זי אויך אָנ־שרײַבן. נאָר פֿונעם שאָכן וועלן מיר שפּעטער דערציילן. און כּוץ דעם האָט זי זייער ליב, מע זאָל איר דערציילן מעשׂיות. און אַלץ, וואָס מ׳דער־ציילט איר, פֿאַרגעדענקט זי, און זי איז זייער אַ קלוג מיידעלע.

נאָר שעווע האָט געהאַט כעסרוינעס אויך, און דאַפֿקע גרויסע כעס־רוינעס. ס׳איז מיר אַפֿילע אַ כאַרפּע צו דערציילן, ווײַל איך האָב זי דאָך ליב, נאָר אַז ס׳איז אַן עמעסע מעשׂה, מוז איך דערציילן פֿון די כעסרוינעס אויך.

שעווע האָט פּײַנט געהאַט עסן. מ׳האָט זי געדאַרפֿט האָדעווען.

פֿון איין זײַט זיצט דער טאַטע און דערציילט אַ מעשׂה, פֿון דער

צווייטער זײַט ליגט די מאמע אין בעט זיך בא איר, און פון דער דריטער זײַט שטייט די מומע סאָניע און זינגט איר א לידל.

און שפּעטער ליגט אינמיטן, דעם קאָפּ אָפּגעדרייט פונעם טעלער, און שווײַגט. אז די מאמע דערלאַנגט איר די לעפל צום מויל, גיט זי לאנגזאם א דריי דעם קאָפּ אין דער צווייטער זײַט, און די לעפל בלײַבט אינדערלופטן. דערלאַנגט די מאמע די לעפל אין, דער צווייטער זײַט, קערעוועס זי פּאַמעלעך אָפּ דעם קאָפּ אין יענער זײַט. אזוי זיצט זי און שווײַגט, און די לעפל [illegible] נאָך איר מויל און קאָן אים ניט כאפּן, ביז ס'ווערט [illegible] דער מאמע גיט א געשריי:

— זאָל זי ניט עסן! זאָל זי שטאַרבן פון הונגער. ס'ארט מיך ניט.

און ער גייט אוועק [illegible] צימער. די מאמע הייבט זיך אופ א בארויגעזע:

— איך דארף ניט אזא קינד. [illegible] אן אנדער מיידעלע,— און זי גייט אויך אוועק.

און די מומע סאָניע בלײַבט מיט איר און זאָגט איר:

— זעסט, וואָס דו האָסט אָפּגעטאָן? איצט וועט זיך די מאמע אויסבײַטן אפ אן אנדער מיידעלע.

שעווע הייבט אופ די פאָרהענגלעך, און מיט א שמייכעלע כוט זי א קוק אפ דער מומען.

— נישקאָשע,— זאָגט זי,— האָב ניט מוירע, קיין מיידעלע קאָן מען ניט אויסבײַטן, ס'איז שוין פארפאלן.

און זי גייט אוועק צו אירע שפילעכלעך, און דאָס עסן בלײַבט אפן טיש.

דער צווייטער כיסאָרן שעוועס איז באשטאנען אין דעם, וואָס זי פלעג אלע גאנצפרי אָפּגעבן קאָנצערטן, דאָס הייסט, ווי זי האָט נאָר געעפנט די אויגן, האָט זיך בא איר באלד געעפנט דאָס מויל, און זי פלעג ליגן אין בעט און רעווען א שאָ אָדער צוויי, אָדער אפילע מערער... אָפטמאָל האָט זי אליין ניט געוווּסט, פארוואָס זי וויינט: צי דערפאר, וואָס די מאמע איז שוין אוועק אפ דער ארבעט, צי דערפאר, וואָס דער טאטע וועט באלד גיין אפ דער ארבעט, צי דערפאר, וואָס אפן גאס איז קאלט און אין שטוב איז וואַרעם, צי גלאט אזוי, קעדיי צו פארשפּאָרן עסן אָנבײַטן און קעדיי צו פארשפּעטיקן אין קינדער־גאָרטן.

אזוי וואָלט עפּשער קיינעם ניט געאַרט שעוועס קאָנצערטן, זאָל זי רעד־וועגן אפילע ביז נאַכט. וואָס זאָל אָבער טון מיכאיל? אז ער וויל אזוי שטאַרק שלאָפן, און שעוועס קאָנצערט לאָזט אים ניט אַנשלאָפן ווערן. נאָר פריער דאַרף מען אייך דערציילן, ווער איז מיכאיל.

מיכאיל — דאָס איז דער שאָכן, וואָס כ'האָב אייך פריער צוגעזאָגט, אז כ'וועל אייך דערציילן פון אים. מיכאיל איז אַן אַרבעטער א טרעגער. ער אַרבעט אַף דעם ברויט־זאַוואָד, וואָס אַף שטשעקאַוויצקע גאַס. ער אַרבעט בּאַנאַכט. ער איז א בריגאַדיר, און ער איז אַן עמעסער שלאָגלער. גאַנצפרי קומט ער אַהיים פון דער אַרבעט זייער א מידער. פאַר דער נאַכט האָט ער איבּערגעוואָרפן אסאַך זעקלעך מעל, וויל ער זייער שטאַרק שלאָפן. און ווי נאָר ער ווערט אַנדרעמלט, הייבּט אָן שעווע איר קאָנצערט.

פריער קלאַפּט ער אָן אין וואַנט. שעווע דערהערט, אז מע קלאַפּט, רייסט זי איבּער דעם קאָנצערט אינמיטן, א פּאָר מינוט הערט זי זיך צו און דערנאָכדעם הייבּט זי אָן ווידער פּונקט אַף דעם אָרט, ווו זי האָט אופּגעהערט. מיכאיל קלאַפּט נאָכאַמאָל אָן. שעווע מאַכט נאָך אַן איבּעררייס. אזוי עטלעכע מאָל, ביז מיכאילן ווערט נימעס, הייבּט ער זיך אוף פון בעט און עפנט די טיר צו שעוועס אין שלאָפצימער. שעווע הערט, אז ס'טוט א סקריפּע די טיר, פאַרשטייט זי שוין, אז ס'איז מיכאיל, און האַלט איין דעם אָטעם, און קוקט אַף דער טיר. די טיר עפנט זיך אַביסעלע, און ס'רוקט זיך אַריין מיכאילס נאַקעטער קאָפּ. ער איז דאַפקע א יונגער, מיכאיל. נאָר ער האָט אזא גרויסן פּליך, אז ס'דאַכט זיך אויס, אז דער שטערן ציט זיך בּא אים איבּערן גאַנצן קאָפּ. דערדאָזיקער פּליך איז אַלעמאָל געווען א גרויסער כידעש פאַר שעווען. אמאָל אז זי איז געווען נאָך גאָר א קליי־נינקע, האָט זי געפרעגט מיכאילן שטאַרק פאַרכידעשט:

— מיכאיל, פאַרוואָס גייסטו באָרוועס מיטן קאָפּ? — און איצט, אז זי דערזעט דעם פּליך, ווערט זי שטיל און קוקט אַביסעלע פאַרשעמט.

אונטער מיכאילס גרויסע שטערן גיבּן א שמייכל א פּאָר גוטע לאַכנ־דיקע אויגן און קלוימערשט זייער אַן ערנסטער פּאָנעם.

— שעווע, — זאָגט ער שטרענג, און די אויגן לאַכן דערווייל, — שעווע, דו ביסט א שלאָגלערן?

שעווע שווייגט און לאָזט אַראָפּ די פּאָרהענגלעך.

— עפשער ביסטו א פראָגולשטשיצע?

שעווע שווײַגט.

— ווילסט מיט מיר ניט ריידן? עפשער זאָל איך ווערן מיט דיר אויס כאווער?

שעווע גיט זיך א זעץ אופ און טוט א געשריי:

— מ׳דארפ ניט! איך וויל ניט!

— וואָס דארפ מען ניט?

— איך וויל ניט, דו זאָלסט ווערן אויס כאווער.

— טאָ וואָס־זשע ענטפערסטו ניט? — פרעגט מיכאיל קלוימערשט שטארק בארויגעז.

— כ׳וועל שוין ענטפערן. אָט פרעג, וועל איך באלד ענטפערן.

— נו, טאָ זאָג, ביסט א שלאָגלערן?

— וואָדען, — ענטפערט שעווע, — אוואדע א שלאָגלערן.

— אויב א שלאָגלערן, — זאָגט מיכאיל, — טאָ דערצייל פארוואָס וויינסטו?

שעווע דערמאנט זיך, אז זי האלט אינמיטן קאָנצערט, הייבט זי אָן כליפען.

— איך וויין דערפאר, וואָס... דערפאר... דערפאר... — זי בלײַבט מיט־אמאָל זיצן שטיל און זאָגט פארכידעשט:

— מיכאיל, איך האָב פארגעסן פארוואָס איך וויין...

— וואָס־זשע וועט זײַן? — פרעגט מיכאיל שטארק פארזאָרגט, און די אויגן צעקאטשען זיך בא אים פון געלעכטער, — וויינסט און וויינסט, און לאָזט מיך ניט שלאָפן, און פארשפעטיקסט אין קינדער־גאָרטן, און דער־נאָך פארגעסטו אפילע, פארוואָס דו וויינסט, און דו זאָגסט נאָך, אז דו ביסט א שלאָגלערן.

איצט איז שוין שעווע גאָר פארשעמט. זי כאפט זיך גיך אופ, טוט זיך אָן, כאפט אָפ גיך דאָס עסן און לויפט אין קינדער־גאָרטן, און פארשפע־טיקט טאקע. און מיכאיל ליגט שוין אין בעט און שלאָפט געשמאק.

איינמאָל איז מיכאיל ניט געקומען אהיים אינדערפרי און ניט אפדער־נאכט. ער איז ערשט געקומען אפן צווייטן פרימאָרגן — דער פליך זײַנער איז געווען בלאס, און אליין האָט ער זיך קוים געהאלטן אפ די פיס. בא זיי אפן זאוואָד איז געווען א דורכרײַס. עפעס א מיל איז קאליע געוואָרן,

און מ׳האָט צוויי טעג ניט געבראכט קיינ מעל אָפנ זאוואָד. איצט האָט מענ געבראכט מיטאמאל פאר ביידע טעג, אונ מ׳האָט געמוזט אראָפטראָגנ די מעל פונ די פורג אינ זאוואָד ארײַנ, אז ניט וואָלט זיכ דער זאוואָד אָפגעשטעלט אונ וואָלט קיינ ברויט ניט אויסגעבאקנ, אונ פאר אסאכ אר־בעטער אינ שטאָט וואָלט קיינ ברויט ניט געקלעקט. האָט מיכאיל מיט זײַנ בריגאדע געארבעט א נאכט מיט א טאָג מיט נאָכ א נאכט, אונ זיי זײַנענ ניט אוועק פונ זאוואָד, ביז זיי האָבנ אריבערגעטראָגנ די גאנצע מעל אונ האָבנ באוואָרנט, אז דער זאוואָד זאָל ארבעטנ אָנ אַנ איבעררײַס.

אלע מאָל, אז מיכאיל האָט געדארפט זיכ גיינ לייגנ שלאָפנ, פלעג ער זיכ וואשנ, די ציינ אויסשווענקענ אונ פלעג צונויפלייגנ זייער ציכטיק דאָס אָנטונ אפנ בענקל. איצט האָט ער שוינ אפילע דאָס אָנטונ ניט צונויפגעלייגט אונ האָט אפילע די ציינ ניט געוואשנ. ער האָט זיכ באלד ארײַנגעלייגט אינ בעט אונ איז אנשלאָפנ געוואָרנ. אונ טאקע די מינוט איז אופגעשטא־נענ שעווע אונ האָט אָנגעהויבנ א גרויסנ קאָנצערט.

מיכאיל האָט לעכאטכילע גאָרנישט ניט געהערט, דערנאָכ האָט זיכ אימ אָנגעהויבנ כאָליעמענ, אז אפ איינ אויער הענגט בא אימ א פויק אונ פויקט, אונ אינ צווייטנ אויער שטעקט בא אימ א טרומייט אונ טרומיי־טערט, אונ בא אימ איז געבונדנ די הענט, אונ ער קאָנ ניט אראָפנעמענ דעמ פויק אונ ארויסשלעפנ דעמ טרומייט. דערנאָכ האָט ער מיט אלע קויכעס א ריס געטאָנ די הענט אונ האָט זיכ אופגעכאפט, אונ אז ער האָט זיכ אופגעכאפט, האָט ער פארשטאנענ, אז דאָס איז שעווע גיט אָפ א קאָנ־צערט אינ א נאָווינע.

האָט ער זיכ איבערגעדעקט מיט דער קאָלדרע איבערנ קאָפ, אונ ס׳האָט זיכ אימ אָנגעהויבנ כאָלעמענ, אז ער ליגט אונ שלאָפט. מיטאמאָל דערהערט ער עפעס א הודאָק פונדערווײַטנ אונ דערנאָכ אינ דער צווייטער זײַט א הודאָק, אונ דערנאָכ פונ אלע זײַטנ שטאָט, אלע פאבריקנ אונ זאוואָדנ, אונ לאָקאָמאָטיוונ הודענ אונ פײַפנ. אונ ער פארשטייט, אז דאָס הייבט זיכ אָנ א גאז־טרעוואָגע. ער וויל זייער שלאָפנ, אונ עס גלוסט זיכ אימ ניט אופ־שטיינ. נאָר ער איז דאָכ א מיטגליד פונ אוויאכעמ־קעמערל בא זיי אפנ זאוואָד, שפרינגט ער אופ פונ בעט אונ טוט זיכ גיכ אָנ. דערווײַל ווערט דאָס הודענ אלצ שטארקער אונ שטארקער. טוט ער זיכ אָנ זײַנ

גאז־מאסקע אפן קאָפּ און לאָזט זיך לויפן אפן זאוואָד, ער לויפט ארויס אין גאס, זעט ער, אז די גאסן זיינען פול, מע גייט און מע פאָרט, און קינדער שליטלען זיך פון בערג און לויפן אפ ליזשעס, און קיינער גייט ניט אין קיין גאז־מאסקעס, און אלע זיינען רויק, אזויווי ס׳וואָלט גאָר קיין טרעוואָגע ניט געווען. און די הודקעס פון אלע זייטן שטאָט הערן דער־וויל ניט אוף צו גוואלדעווען. אנדערע מיט א בידעריקער גראָבער שטים און אנדערע מיט א קוויטש, און זיי פארגייען זיך אזוי, אז ס׳פאלט אָן א שרעק. פארשטייט ער ניט, וואָס טוט זיך דאָ: נאָר ער איינער לויפט מיט א גאז־מאסקע מיט גלעזערנע אויגן און מיט א לאנגן גומענעם נאָז, און אלע קוקן זיך אום אפ אים, און אנדערע באווייזן אפ אים מיט די פינגער און לאכן. מיטאַמאָל דערפילט ער, אז עס פעלט אים לופט, ער האָט ניט מיט וואָס צו אָטעמען און באַלד וועט ער דערשטיקט ווערן, טוט ער א ריס די מאסקע פון קאָפּ און כאפט זיך אוף.

ערשט ס׳איז ניט קיין גאז־מאסקע, נאָר די קאָלדרע האָט ער אָפּגעריסן פון קאָפּ, און ס׳איז ניט קיין טרעוואָגע מיט קיין הודקעס, נאָר ס׳איז שוועסטער מיט איר קאָנצערט. ווערט ער אין כאס און לויפט ארײַן צו שוועסטער אין שלאָפצימער. שוועסטער איז באַלד געוואָרן שטיל, און בא מיכאיל איז באַלד אָפּגעגאנגען דער כאס. ער האָט זיך אוועקגעזעצט בא איר אין בעט.

מיכאיל האָט גאָרנישט ניט געפרעגט. ער איז געווען זייער מיד, און די אויגן האָבן זיך בא אים געקלעפּט, איז ער געזעסן אָנגעשפּארט אפן קישן לעבן שוועסטער און האָט געשוויגן. שוועסטער האָט געזען, אז ער שווייגט, האָט זי געמיינט, אז ער איז אפ איר בארוגעז.

— מיכאיל, — האָט זי געזאָגט מיט פארדראָס, — ס׳איז ניט גוט, וואָס דו שווייגסט און דו פרעגסט בא מיר גאָרניט, און ס׳איז ניט שיין, וואָס דו האָלטסט פארמאכט די אויגן, און נעכטן ביסטו א גאנצן טאָג ניט געקומען, איז אויך זייער ניט שיין פון דיין זייט. איך האָב א גאנצן טאָג געפרעגט, ווו ביסטו, און דו ביסט גאָר ניט געקומען. פע, טאקע זייער ניט שיין. מיכאיל, דו ביסט אפ מיר בארוגעז?

— ניין, שוועסטער, — האָט מיכאיל געענטפערט, — איך בין גאָר ניט בא־רוגעז. נאָר איך וויל זייער שלאָפן, און איך בין שטארק מיד.

און ער האָט איר דערציילט וועגן דעם דורכפאל, און וויאזוי ער מיט

זײַנע בריגאַדע האָבן געאַרבעט אַ נאַכט מיט אַ טאָג, און וואָזוי זײ האָבן טאַקע באַוואָרנט, אַז דער ברויט־זאַוואָד זאָל אַרבעטן, און ס׳זאָל זײַן ברויט פאַר אַלע אַרבעטער און פאַר די קינדער־גערטנער, און פאַר אַלע שולן.

— זעסטו שוין, שעווע, אַז איך בין ניט באַרויגעז אָפּ דיר, נאָר כ׳האָב געדאַרפט אויספילן מײַן זעלבסטפאַרפליכטונג.

— דײַן וואָס?—האָט שעווע געפרעגט פאַרכידעשט. זי האָט נאָך קיינמאָל אַזאַ וואָרט ניט געהערט.

— מײַן זעלבסטפאַרפליכטונג. איך און מײַן בריגאַדע האָבן גענומען אָפּ זיך אַ זעלבסטפאַרפליכטונג, אַז מיר זאָלן ניט אַוועקגיין פונעם זאַוואָד, ביז מיר וועלן אינגאַנצן ניט אָראָפּטראָגן די מעל. האָבן מיר דאָך געדאַרפט אויספילן, ס׳איז דאָך אַ זעלבסטפאַרפליכטונג.

— וואָס?—האָט שעווע איבערגעפרעגט.—זאָג נאָכאַמאָל, זאָג דרײַ מאָל.

מיכאַיל האָט אַלע מאָל געדאַרפט איר איבערכאַזערן דרײַ מאָל, אויב ס׳איז געווען אַ נײַ וואָרט, וואָס איז איר געווען שווער אַרויסצורײדן. איצט איז ער געווען שלעפעריק און קוים וואָס ער האָט גערעדט:

— ז ע ל ב ס ט פ א ר פ ל י כ ט ו נ ג, ז ע ל ב ס ט פ א ר פ ל י כ ט ו נ ג, ז ע ל ב ס ט פ א ר...

דעם דריטן מאָל האָט ער ניט געענדיקט דאָס וואָרט און איז אַנשוויגן געוואָרן. שעווע האָט פאַרכידעשט אַ קוק געטאָן אָפּ אים, ערשט דער קאָפּ זײַנער האָט זיך אַראָפּגערוקט, און ער שלאָפט געשמאַק מיט אַ שטילן כראָפּען. שעווע איז שטילינקערהייט אַרויס פון בעט און איז אַוועקגעלאָפן אין צווייטן צימער רופן דעם טאַטן. דער טאַטע אירער איז אַרײַן, האָט גענומען מיכאַילן אונטער די הענט און האָט אים אַריבערגעפירט אין זײַן צימער, אים אַרײַנגעלייגט אין בעט און אים גוט אײַנגעדעקט. און מיכאַיל איז דערווײַל געשלאָפן און גאָרניט ניט געהערט.

שעווע האָט שיר ניט געוויינט פון פאַרדראָס, וואָס זי האָט אופגעוועקט מיכאַילן, ווײַל מיכאַיל איז דאָך טאַקע אַן עמעסער שלאָגלער, און ער האָט אויסגעפילט אַזאַ שווערע זעלבסטפאַרפליכטונג.

פאַרנאַכט, אַז זי איז געקומען פון קינדער־גאָרטן, איז זי באַלד פון דער טיר, אַפילע די קאַלאָשן ניט אויסגעטאָן, אַוועקגעלאָפן צו מיכאַילס צימער, נאָר מיכאַיל איז נאָך געשלאָפן. ווארמעס האָט שעווע געגעסן

אלײן, קײנער האָט זי ניט געהאַדעװעט. זי איז נאָר אַלע מינוט געלאָפֿן צו דער טיר פֿון מיכאיִלס צימער און זיך צוגעהערט, נאָר ער איז נאָך אַלץ געשלאָפֿן. נאָך װאַרמעס האָט זי זיך אױפֿגעזעצט אױף איר בענקעלע לעבן מיכאיִלס טיר און האָט געװאַרט. ס'איז שױן געװען אָפּדערנאַכט, װען מיכאיִל איז אַרױס פֿון זײַן צימער מיט דעם האַנטעך איבערן האַלדז און מיט דער זײף אין דער האַנט, און האָט זיך געלאָזט גײן אין װאַש־צימער. שעװע האָט באַלד אַ שפּרונג געטאָן צו אים, אים אָנגעכאַפּט מיט בײדע הענט פֿאַר בײדע עקן פֿונעם האַנטוך און אַ געשרײ געטאָן:

— מיכאיִל, איך װיל אױך אַ זעלבסטפֿאַרפֿליכטונג, איך װיל זײַן אַן עמעסע שלאָגלערן, אַזױװי דו.

— גוט, — האָט מיכאיִל געענטפֿערט און האָט זי אַרופֿגעכאַפּט צו זיך אױפֿן אַקסל, — קום צו מיר אין צימער און װאַרט צו אַביסעלע, איך װעל זיך אײַנװאַשן, און דערנאָך װעלן מיר זיך צונױפֿרײדן.

עפּשער אַ גאַנצע שאָ איז דערנאָך געזעסן שעװע מיט מיכאיִלן פֿאַר־שפּאַרט אין צימער, און קײנער האָט ניט געהערט, װאָס זײ רעדן. דערנאָך איז שעװע אַרױס פֿון צימער מיט אַ געלעכטער און מיט אַ סימכע, און האָט צוגעטראָגן דעם טאַטן אַ גרױסן בױגן פּאַפּיר.

— נאַ, טאַטע, לײען, נאָר אַלע זאָלן הערן, און כאַפּ ניט, דו האָסט אַלע־מאָל ליב כאַפּן, אַז דו לײענסט. דערנאָך איז זי אױפֿגעלאָפֿן איבער אַלע צימערן און האָט געבראַכט פֿאַר אַ פֿאָלע דעם זײדן, די מאַמע און די מומע סאָניען, און אַפֿילע די אַלטע שכײנע, װאָס אין עקסטן צימער. שעװע קריגט זיך דאַפֿקע מיט איר אַלעמאָל, װײַל זי גלײבט נאָך אין גאָט, די אַלטע, און שעװע פֿאַרדריסט זײער אױף דער אַלטער, האַלעמײַ האָט זי זיך געלאָזט אײַנרײדן פֿון די בורזשױעס, אַז ס'איז דאָ אַ גאָט אױף דער װעלט. איצטיקס מאָל האָט זי זי אױך געבראַכט, זי זאָל הערן, װאָס מ'װעט לײענען, און די גרױסע ליאַלקע האָט זי אױך געבראַכט מיט זיך.

— זי פֿאַרשטײט דאַפֿקע גאָרניט, די ליאַלקע. דאָס װאָס זי פֿאַרמאַכט די אױגן, אַז מע לײגט זי אַנידער, איז דאָס ניט אָפּדערעמעסן, ס'איז נאָר אַזױ געמאַכט. נאָר אַז איך שפּיל זיך, איז זי מײַן טאָכטער, טאָ זאָל זי הערן, װאָס מ'װעט לײענען.

און אז אלע האָבן זיך שוין צונויפגעקליבן, און די ליאלקע אויך, האָט דער טאטע גענומען לייענען:

## שעווס זעלבסטפארפליכטונג.

„איך, שעווע, וואָס איך בין אלט 6 יאָר, נעם אָפּ זיך פון היינט דעם 1־טן דעקאבער ביז דעם 15־טן דעקאבער, ד. ה. 15 טעג:

1. ניט אָפּגעבן אינדערפרי קיין קאָנצערט.
2. ניט פארשפעטיקן אין קינדער־גאָרטן.
3. עסן אליין און אלץ וואָס מע גיט מיר.
4. אז איך קום פון קינדער־גאָרטן, עס איך אָפּ אפגיך ווארמעס און גיי אפן גאס אביסל זיך שליטלען. נאָכדעם שפיל איך זיך אביסל אין שטוב ביז וועטשערע, און באלד נאָך וועטשערע לייג איך זיך שלאָפן.
5. מיכאיל וועט אכטונג געבן, צי איך וועל טון אלץ, ווי ס'איז אָנגעשריבן, און אויב כ'וועל טאקע אזוי טון, וועל איך זיין אן עמעסע שלאָגערן.

אונטערגעשריבן — שעווע.

## מיכאילס זעלבסטפארפליכטונג.

איך, מיכאיל, 32 יאָר אלט, נעם אָפּ זיך:

1. קיינמאָל ניט פארשפעטיקן אָפּ דער ארבעט.
2. אופהייבן און אראָפּוואַרפן די זעק מעל פאָרזיכטיק, זיי זאָלן זיך ניט צערייסן.
3. אויב א זאק איז צעריסן — באלד אפן אָרט פארנייען, ס'זאָל זיך ניט פארשיטן קיין מעל.
4. לייגן די זעקלעך מעל אין אָרדענונג, יעדער סאָרט מעל באזונדער.
5. האלטן ריין דאָס אָרט פון דער ארבעט, אופראָמען, פארקערן, און דעריקער זאָל זיין ריין און ציכטיק דאָרטן, ווו ס'ליגט די מעל.
6. זיך לערנען אין פּאָליטשול און קיינמאָל ניט דורכלאָזן און ניט פארשפעטיקן אָפּ די לימודים.

אונטערגעשריבן — מיכאיל.

אלע פארנאכט פלעג שעווע אריינקומען צו מיכאילן אין צימער און פלעג אים אָפּגעבן א ראפּאָרט, אז זי האָט היינט אויסגעפילט אלץ, אזוי־

ווי ס'איז אָנגעשריבן אין אָפּמאַך, און מיכאַיִל האָט אָפּגעגעבן שעווען א ראַפּאָרט, אַז ער האָט געאַרבעט אויפן זאַוואָד שלאָגלעריש.

שעווען איז געווען זייער שווער אויסהאַלטן איר זעלבסטפאַרפליכטונג. ס'האָט זיך געגלוסט אַביסעלע ווייַנען, כאָטש א קליין ביסעלע. און אַלע טאָג עסן אַליין, מ'זאָל זי ניט בעטן און ניט אײַנריידן, איז אויך געווען זייער שווער.

און איינמאָל, פינף טעג פאַרן 15־טן, האָט זי טאַקע ניט אויסגעהאַלטן. מיכאַיִל איז דענסטמאָל ניט געקומען אַהיים: ס'האָט זיך ווידער עפּעס געטראָפן, און ער האָט געמוזט בלײַבן אויפן זאַוואָד אַרבעטן נאָך אַן אומבײַט.

יענעם טאָג האָט שעווע אָפּגעגעבן א קליינינקן קאָנצערט.

אַז מיכאַיִל איז פאַרנאַכט געקומען פון דער אַרבעט, איז שעווע ניט אַרײַנגעגאַנגען צו אים און האָט אים קיין ראַפּאָרט ניט אָפּגעגעבן.

מיכאַיִל איז אַרײַן צו שעווען אין שלאָפצימער און האָט געזאָגט:

— גוטן אָוונט, שעווע. איך האָב הײַנט געאַרבעט שלאָגלעריש. איך האָב הײַנט געאַרבעט א גאַנצע נאַכט און א גאַנצן טאָג. נאָך דער אַרבעט האָב איך אופגעראָמט און פאַרנייט אַלע צעריסענע זאָק. און וויאַזוי האָסטו זיך געפירט הײַנט?

— און איך, — האָט שעווע אַביסעלע באַרימעריש געענטפערט, — האָב הײַנט געגעבן א קליינינקן קאָנצערט און כ'האָב אַביסעלע פאַרשפּעטיקט אין קינדער־גאָרטן. איך בין הײַנט געווען אַביסעלע א פּראָגולשטשיצע.

מיכאַיִל איז געוואָרן זייער ערנסט:

— אויב אַזוי, וועל איך מוזן אַרופלייגן אויף דיר א שטראָף.

שעווע האָט זיך צעוויינט.

— איך האָב ניט קיין געלט, ווי וועל איך דיר נעמען שטראָף?

— גאָר ניט קיין געלט, — האָט מיכאַיִל געזאָגט שטרענג, און די אויגן זײַנע האָבן שוין ווידער געלאַכט, — איך דאַרף בא דיר ניט קיין געלט. נאָר הײַנטיקן טאָג וועל איך ניט רעכענען. דו האָסט זיך אונטערגענומען ביזן 15־טן, נאָר הײַנטיקער טאָג רעכנט זיך ניט, און דו וועסט שוין מוזן האַלטן דײַן זעלבסטפאַרפליכטונג ביזן 16־טן.

שעווע איז געוואָרן אין כּעס.

— אויב אזוי, וויל איך גאָרניט, איך דאַרף ניט קיין זעלבסטפּאַרפּליכ־טונג, איך וויל ניט! — האָט זי געשריִען.

— דו ווילסט ניט, דאַרף מען ניט, — האָט מיכאיִל געענטפערט שוין גאָר ערנסט, און די אויגן זײַנען בײַ אים געווען אויך ערנסטע, און ער איז אַרויס פון צימער.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז שוין שעווע געזעסן בײַ אים אין צימער און זי האָט געבעטן מיכאיִלן, ער זאָל איר מוחל זײַן. זי איז מסכים ביזן 16־טן, אַזויווי ער האָט געזאָגט.

— אָבער טאָמער מאַכסטו זיך נאָך איין מאָל, אַזויווי הײַנט, — האָט מי־כאיִל געזאָגט, — איז אויס. הייסט עס, אַז דו האָסט געבראָכן דעם אָפּמאַך, און דו ביסט ניט קיין שלאָגלערן.

— גוט, — האָט שעווע געענטפערט.

נאָר מער האָט זיך שוין אַזוינס ניט געטראָפן.

דעם 16־טן אין אָוונט האָט מיכאיִל צונויפגערופן אַלעמען צו זיך אין צי־מער. דאָ איז געווען מיכאיִלס מאַמע און שעוועס מאַמע און טאַטע, און שעוועס זיידע, און די מומע סאָניע, און די אַלטינקע שכנה פון דעם עקסטן צי־מער, וואָס גלייבט נאָך אין גאָט.

מיכאיִל האָט געבעטן אַלעמען זיצן און האָט דערלאַנגט אַלעמען טיי מיט אײַנגעמאַכטס און מיט קיכלעך. און ער האָט געשטעלט אויפן טיש ניס מיט צוקערקעס און עפּל, און שעווען האָט ער נאָך געגעבן צוויי מאַנ־דאַרינקעס.

דער טיש איז געווען פאַרשפּרייט מיט אַ ציכטיק ווײַסן טישטעך, און ס׳איז געווען זייער ליכטיק און יאָנטעוודיק. דערנאָך האָט מיכאיִל אוועק־געשטעלט שעווען אויף אַ בענקל, און זי האָט דערציילט פון דער זעלבסט־פאַרפּליכטונג, וויאַזוי ס׳איז איר געווען שווער, און וויאַזוי זי האָט טאַקע איינמאָל ניט אויסגעהאַלטן. און פונעם שטראָף האָט זי אויך דער־ציילט. און וויאַזוי דערנאָך האָט זי גוט אויסגעפילט די זעלבסטפאַרפּליכ־טונג.

דערנאָך האָט מיכאיִל געהאַלטן אַ גרויסע רעדע, וויאַזוי מ׳דאַרף אַלע שלאָגלעריש אַרבעטן, און אַז די קינדער דאַרפן אויך זײַן שלאָג־לערס, ווײַל מיר בויען אַלע דעם סאָציאַליזם, און מיט אַלע אַרבעטער,

אונ מיט דער גאנצער ארבעט פירט אָנ די קאָמוניסטישע פארטיי אונ דער כ׳ סטאלינ.

דערנאָכ האָט ער געזאָגט, אז ס׳איז עמעס, אז שעווע האָט איינמאָל ניט אויסגעהאלטנ, נאָר די זעלבסטפארפליכטונג האָט זי אויסגעפילט, אונ ס׳קומט איר א פרעמיע, מ׳זאָל וויסנ, אז זי איז א שלאָגלערנ.

דערנאָכ האָט ער ארויסגענומענ א רויטינק שטערנדל א קליינס אונ א פינקלדיקס, אינ א דינ גאָלדנ רעמעלע, אונ דאָס שטערנדל האָט א שפריצ געטאָנ מיט רויטע פונקענ. מיכאיל האָט צוגעשפיליעט דאָס רויטינק שטערנדל צו שעוועס בלוזקעלע.

— איצט, — האָט ער געזאָגט, — וועלנ אלע וויסנ, אז שעווע איז אנ עמעסע שלאָגלערנ.

אלע האָבנ געפליעסקעט מיט די הענט, אונ מ׳האָט אלע באטראכט, ווי אזוי ס׳פינקלט דאָס שטערנדל, אונ ס׳איז געווענ זייער פריילעכ, אונ אלע זײַנענ געווענ צופרידנ.

נאָר מער פונ אלעמענ זײַנענ געווענ צופרידנ מיכאיל אונ שעווע, ווײַל זיי זײַנענ דאָכ ביידע טאקע עמעסע שלאָגלער.



